תורה? די אגודה — די קלויז — צי באבאוו? מיר קאנען איבריגענס שוין די אלע גאט-פארזארגערס, וואס האלטען אין איין ראטעווען דאס יודישקייט. די וועהלער קאנען שוין צו גוט די אלע פאטענטירטע „ארטאדאקסען”, וועלכע האבען זיך גענומען א מאנאפאל אויף פרומקייט און תורה און אין נאמען פון דער תורה מאכט מען כשר כל מיני פסלנות, מסירות און רכילות, שקרים און לשון הרע — דאס אלעס טוט מען מיט פארגלייזטע אויגען אין נאמען פון גאט, תורה און יראת שמים.

יאהרען לאנג האבען מיר באקעמפט דעם דאזיגען שווינדעל און מיר האבען — מיט ערפאלג — באוויזען, אז מענשען, וואס זענען פעהיג צו שענדליכע מעשים, האבען נישט קיין רעכט זיך אויפצווארפען אלס פארטיידיגער פון דער תורה. וועלכע — אויב זי זאל איבערהויפט באדארפען פארטיידיגער — וואלט מען זי באדארפט קודם כל שיצען פאר איהרע אומגעבעטענע באשיצערס. אבער תמיד שווימען זיי ווידער ארויף אויף דער אויבערפלעכע פונם געזעלשאפטליכען לעבען. תמיד ווען עס מאכט זיך נאר א יריד אויף בענקלעך, קומען זיי מיט דעם תורה-קרעמעל און מיט דעמזעלבען עזות, מיט דערזעלבער חוצפה נעמען זיי א פול מויל מיט יראת שמים און געהען „ראטעווען” די תורה פאר די ציוניסטישע „אפיקורסים”. איצט איז דער שקר בולט ארויס. א יעדער זעהט בחוש, אז די דאזיגע אדונים מיינען גאר נישט די תורה און דת, נאר לגמרי עפיס אנדערש, דהיינו כבודים און פאסטענס.

וואלטען זיי געמיינט ערנסט מיט דער פארטיידיגונג פון דער תורה — וואלטען זיי באדארפען ביי די איצטיגע וואהלען אויסקלויבען די פעהיגסטע און פרומסטע צווישען זיך און שטעלען זיי אין דער שפיץ פון דער ארטאדאקסישער ליסטע. דא וואלט באדארפט זיין נאר איין איינציגע ליסטע, ווייל ס'איז נאר דא איין איינציגע תורה.

וואס זעהען מיר אבער איצט? אזש 3 ליסטען טרעטען ארויס מיט א פראגראם פון פארטיידיגען די תורה — אזש 3 רעטונגס-געזעלשאפטען קומען ראטעווען דאס יודישקייט. און דא מוז זיך א יעדער פרעגען: ווער האט די פולמאכט? וועלכעס יודישקייט ראטעווען די, וואס טרעטען ארויס אונטער דער פירמע פון דער קלויז, וועלכע תורה פארטיידיגט באָבאָוו און וועלכע וויל מציל זיין די אגודה?

מיר האבען אויף די דאזיגע פראגען איין קלארע און דייטליכע תשובה: **קיינער האט נישט דאצו קיין פולמאכט. די תורה דארף נישט קיין באשיצער.**

די עסקנים מיינען אבער בכלל נישט די תורה און דת. אונטער דער מאסקע פון תורה און יראת שמים דעקט זיך א מאנדאדען-יעגעריי, א נאכלויפען נאך כבודים און מאכט. און צו דעם צוועק מיסברויכט מען די תורה.

די אנטשיידונג ליגט איצט אין דער האנד פון דעם וועהלער און צום גליק אריענטירט ער זיך גאנץ גענוי אין די אלע יראת שמים קאמעדיעס און ווייסט גענוי, וואס עס באהאלט זיך אונטער דער מאסקע פון מלחמת מצוה פאר די תורה. ער ווייס גאנץ גוט, אז די אלע, וואס איצט ביי די וואהלען רוממות אל בפיהם, אין שבע תועבות בלבם.

און דערפאר זענען מיר זיכער, אז אין טאג פון די וואהלען וועלען די וועהלער הייסען אלע מכלומרשטע גאטס-פארזארגער זיצען אין דער היים

**און אלע וועלען שטימען ווי איין מאן פארן ציוניסטישען בלאק אויף ליסטע**

**Nr. 1**

# מיר האבען געבויט און זיי--חרוב געמאכט

אויב מיר קומען היינט צו די וועהלער מיט א אפעל, אז זיי זאלען שטימען אויף אונזער ליסטע נר. 1, פארלאנגען מיר נישט קיין קרעדיט, וועלכער איז נישט באזירט אויף ממשות'דיגע פאקטען און באווייזען. מיר זענען שוין געזעסען אין דער טארנער קהלה און די טארנער יודישער באפעלקערונג האט געקאנט אבסערווירען אונזער טעטיקייט אין היגען קהל.

וואס מיר ווילען טון אין קהל האבען מיר שוין געשריבען אין פאריגען נומער, און אז מיר וועלען רעאליזירען אונזערע הבטחות, פארזיכערט אונזער פארגאנגענהייט, אונזער לאנגיעריגער ארבייט אין דער טארנער קהלה.

וואס האבען מיר אויפגעטון אין דער טארנער קהלה?

איידער מיר זענען אריין אין דער קהלה איז דאס קהל געווען כמעט א פריוואט-אייגענטום פון א פאר משפחות, וועלכע האבען זיך גענומען דעם מאָנאָפּאָל אויף דער קהלה. מיר ציוניסטען האבען אבער געמאכט אויס דער קהלה א אמת'ע פאלקס-אינסטיטוציע און דערמעגליכט די ברייטסטע מאסען א השפעה אויף דער קהלה-ווירטשאפט.

## מיר האבען געזארגט, אז אלע רעליגיעזע באדערפענישען זאלען באפרידיגט ווערען.

א דאנק אונזער איניציאטיוו און מיט אונזער הילף האט מען אויפגעבויט די תלמוד תורה געביידע. די השגחה אויף כשרות איז געווארען פארשטארקט און פארבעסערט. א דאנק אונז איז געשאפען געווארען אין קהל-הויז א שטוב פאר ישיבה-בחורים. מיר האבען איבערגעבויט די מקוה, אויסגעבויט די עירובין און סובווענציאנירט די שוהלען וואס געהערען צו דער קהלה.

## מיר האבען אויך ענטוויקעלט א ברייטע טעטיקייט אויפן קולטורעלען געביט.

אלע קולטורעלע אינסטיטוציעס וואס האבען עגזיסטירט, אהן אונטערשיד פון פאליטישער צוגעהעריקייט, האבען באקומען גרעסערע סובווענציעס. „שפה ברורה”, „יבנה”, „תלמוד תורה”, „בית יעקב”, „מחזיקי למוד”, אווענט - קורסען ביים „בונד”, „קולטור-ליגע”, ביבליאטעק „ספריה עממית” א. א. וו. — אלע זענען סובווענציאנירט געווארען דורך די טארנער קהלה דעמאלס, ווען מיר האבען דארט רעגירט.

**מיר האבען אנטוויקעלט א ברייטע אקציע פון סאציאלער הילף.** מיר האבען אבגעשאפט די אלע פארשידענע קאמיטעטען מיט די אלע גבאים, גבאי'טעס און צדקה-קלאפערנס, וועלכע האבען געשנארעט פארן יודישען שפיטאל און וועלכע האבען צו די דאזיקע מצוה גארנישט צוגעלייגט. פארקערט — א טייל האבען שוין געטראכט, אז עס זאל בלייבען עפיס און דער קעשענע אויך. מיר האבען די דאזיגע קאמיטעטען אבגעשאפט און דאס שפיטאל און מושב זקנים איבערנומען אויף קהל'ס חשבון.

אין שפיטאל און מושב זקנים האבען ערשט מיר, ציוניסטען, געמאכט א געהעריגע ארדנונג און מיר האבען אויסגעראטעט דאס פראטעקציע-סיסטעם, וואס האט דארט עגזיסטירט. איבריגענס א יעדער געדענקט א ודאי, וואס דאס יודישע שפיטאל איז געוועזען איידער די ציוניסטען האבען איבערנומען קהל און ווי עס האט אויסגעזעהען דערנאך.

מיר האבען אויך סובווענציאנירט אלע חברות, וועלכע האבען אנטוויקעלט א געוויסע טעטיקייט אויפן געביט פון סאציאלער הילף, ווי למשל „בקור חולים”, „אנשי חסד”, „חברה יולדות”, „נאַדזיעיאַ”, „גורדוניה”, „נאשע דזיעטשי” און „בית לחם”.

בכדי מיטצוהעלפען ביים באקעמפען דאס שנארעריי, האבען מיר באשטימט א גרעסערע סובווענציע פאר די חברה „צדקה” און אזוי ארום דערמעגליכט די דאזיגע חברה צו ערפולען די זעהר וויכטיגע מיסיע. מיר האבען געזארגט, אז דאס יתומים-הויז זאל האבען מענשליכע עגזיסטענץ-באדינגונגען און דערפאר האבען מיר באשטימט א שטאבילע מאנאטליכע סובווענציע — און אויף פסח, ווי אויך אויף ווינטער-וועש פאר די קינדער האבען מיר נאך צוגעגעבען ספעציעלע צוגאבען.

מיר ציוניסטען האבען אויך נישט פארגעסען וועגען די יודישע אינוואלידען, וועלכע האבען זייער בלוט פארגאסען אויף די שלאכטפעלדער. און מיר האבען זיי געגעבען א געוויסע סובווענציע.

אנערקענענדיג די גרויסע באדייטונג פון יודישען בעלי-מלאכה שטאנד און זיין שווערע ווירטשאפטליכע לאגע — האבען מיר באשטימט א סובווענציע אויך פאר דעם פאריין פון די בעלי-מלאכות „יד חרוצים” אין טארנע, בכדי כאטש בזה האופן צו העלפען דעם בעלי-מלאכה אין זיין שווערער לאגע.

א דאנק אונזער סיסטעמאטישער אויפקלערונגס-ארבייט, איז די טארנער קהלה-פארוואלטונג געקומען צו דער איבערצייגונג, אז די קהלה דארף נעמען א אנטייל אין אונטערשטיצען דאס גרויסע נאציאנאלע ווערק, וואס ווערט געבויט אין ארץ ישראל. בהדרגה האט אויך די קהלה באשטימט געוויסע סומען — צוואר קליינע — פאר די ארץ ישראל פאנדען.

מיר ציוניסטען האבען געארבייט אין דער קהלה מיט מסירות נפש לטובת דער גאנצער יודישער באפעלקערונג, ווייל אונז האט זיך נישט געהאנדעלט וועגען כבודים און פריוואטע רוחים, נאר מיר האבען געוואלט אויס דער אלטער קהלה-שטוב, וועלכע איז געוועזען אייגענטליך א מתים-שטוב — מאכען א לעבעדיג קהל, א נייע, מאדערנע אינסטיטוציע, וועלכע פארטרעט שטאלץ און ווירדיג דעם יודישען כבוד און די יודישע אינטערעסען און באפרידיגט אלע באדערפענישען פון די ברייטסטע יודישע מאסען.

די דאזיגע מוסטערהאפטע ארדנונג, דער דאזיגער ברייטער אומפאנג פון דער ציוניסטישער קהלה האבען אבער נישט געשמעקט א גרופע אינטריגאנטען און כלומרשטע בעלי-טובה'ניקעס וועלכע זענען געוואהנט ביי כלל-ארבייט צו פארדינען פאר דער אייגענער פארטיי, פאר אייגענע מענשען און טאקע פאר זיך אליין אויך. אבער כל זמן דער וועהלער האט געהאט די דעה, זענען זיי געוועזען מאכטלאז, האבען זיי געזוכט אנדערע וועגען בכדי צו באקומען אין קהל די מאכט. און סוף כל סוף איז זיי געלונגען, מיט דער הילף פון מסירות און רכילות, ארויסצובייסען דאס ציוניסטישע קהל, וואס האט אזוי פיל גוטס אויפגעטון פאר די טארנער יודען.

זיי האבען באקומען די ממשלה אין דער קהלה נישט פון די וועהלער, נאר פון א דריטען פאקטאר, און וואס פאר א ווירטשאפט האבען זיי געפיהרט?

זיי האבען געפיהרט א רויב-ווירטשאפט, חוצפה'דיג האבען זיי פארטרעטען דעם שווער פארהארעוועטען גראשען פון דעם פשוט'ן יוד.

אנגעהויבען האבען זיי די ווירטשאפט מיט א קרוציאטע געגען אלעם וואס שמעקט מיט ציוניזם. דער דאקטאר — דער „כהן גדול”, וואס האט געפיהרט די ממשלה ביד רמה און איז געגאנגען צום דאווענען אין ווייסע זאקען, האט ערקלערט א אויסראטונגס-קאמף געגען דעם ציוניזם, דער באוועגונג פון נאציאנאלער אויפלעבונג.

קודם כל האט מען אראבגענומען פון די קהלה-ווענט דאס בילד פון ווינער רב דר. חיות — א מענש מיט א שם אין דער וועלט — ווייל ער איז געוועזען א ציוניסט. מען האט אראבגענומען די דיפלאמען פון קרן קימת לישראל. דער „כהן גדול„ האט געאסר'ט מנדר צו זיין אויף קק"ל אין דער נייער שוהל און אויך צו זינגען די „התקוה”. פון די שוהלען האט מען משלח געווען די ציוניסטישע גבאים — מיט איין וואָרט: די קליינע מענשעלעך האבען זיך געכאפט אויף די לבנה מיט א מאטיקע... די ציוניסטען האבען מיט א שמייכעל אויף די ליפען צוגעקוקט צו די מעשי גבורה פון די קארליקעס און געגאנגען זייער וועג.

די דאזיגע אדונים האבען אבער די „העלדענטאטען” נישט געמאכט בחנם. עס האבען זיך אונגעהויבען גוטע צייטען פאר אנשי שלומנו, וואס האבען זיך „פארדינט” געמאכט אין די מלחמת מצוה געגען די ציוניסטען. און עס איז געגאנגען א סעריע פון נייע פאָסטענס: הויז-פארוואלטער, כשרות-רעפערענט, דיינים, מגידים, שוחטים, סובווענציעס פאר שטיבלעך און אינסטיטוציעס, גאנץ אפט פיקטיווע. מען האט געשלעפט פון אלע זייטען פונם ארימען קהלה-זשלויב. דאס אלעס איז געווען וועניג. מיטן עסען איז געקומען דער אפעטיט. און היות מען האט שוין נישט געהאט קיין פירמעס פאר געלד נעמען — האט מען געשאפען א שפאגעל נייע פירמע, די איינציגע אפשר אין דער וועלט: N. N. און דאס רעדעל איז געגאנגען ווייטער.

ביי דעם פארטיילען פון שלל האט מען זיך אפט געקריגט דען א יעדער האט געוואלט כאפען דעם פעטערען ביסען. דערפאר האט איינער אינטריגירט געגען צווייטען, איינער האט גע-מסר'ט דעם צווייטען. דאס האט געבערענגט דערצו, אז די קהלה איז איבערגעגאנגען פון האנד צו האנד. איינמאל איז די קליקע געוועזען אויפן פערד און איינמאל די אנדערע. אבער די ווירטשאפט איז ביי די אלע „רעגירונגען” געוועזען דיזעלבע — א רויבערישע, פארשווענדערישע און אונפאראנטווארטליכע. אלע האבען געצאפט וויפיל עס האט זיך נאר געלאזט. געצויגען האט מען פון דער ארימער באפעלקערונג די הויט און אויף די אויביגע צוועקען האט געמוזט זיין געלד.

זיי האבען זיך נישט באגניגען געלאזט בלויז מיט דער צייטווייליגער רעגירונג. זיי האבען זיך געוואלט פארזיכערען די רעגירונג אויף לאנגע יאהרען, און דערפאר האבען זיי געוואלט מאכען אזאלכע וואהלען וואס זאלען זיי פארזיכערען די ממשלה לעולם ועד. טויזענט מענשען האט מען אויסגעלאזט פון דער וואהל-ליסטע און אונמעגליך געמאכט די רעקלאמאציעס. מאכינאציעס מיט די וואהל-ליסטעס און קאנדידאטען-ליסטעס. זייער חוצפה איז אפילו דערגאנגען אזוי ווייט, אז זיי האבען געוואגט אונגילטיג צו מאכען די ציוניסטישע קאנדידאטען-ליסטע, בכדי אזוי ארום צו באווארענען זיך דעם נצחון. עס האט זיי אבער דאס אויך נישט געהאלפען.

דער סוף פון דער דאזיגער רויב-ווירטשאפט איז א יעדען באקאנט. די קהלה שטעהט כמעט פאר א גענצליכען חורבן. די קאסע איז פוסט און די חובות זענען גרויס, הגם די לעצטע צוויי פארוואלטונגען פון דר. אָפנער און דר. באזלער האבען א סך אין דער הינזיכט אויפגעטון.

איצט, בשעת עס איז געקומען די צייט א סוף צו מאכען מיט דער קאמיסארישער ווירטשאפט און עס זענען פאראן מעגליכקייטען צו איבערגעבען די פערוואלטונג אין די הענד פון די אויסדערוועהלטע פון פאלק — קומען דיזעלבע מענשען, וואס האבען דאס קהל פארניכטעט און האבען די חוצפה צו פארלאנגען שטימען. די ענטשיידונג ליגט אבער אין די הענד פון אייך וועהלער.

און מיר רופען טאקע צו די וועהלער: פארגלייכט דאס, וואס מיר האבען געטון אין דער קהלה מיט דעם וואס זיי האבען דארט געטון. מיר האבען געבויט און זיי — חרוב געמאכט. מיר האבען געשאפען פארן פאלק און זיי — פאר זיך. מיר האבען פארוואנדעלט די קהלה-שטוב פאר א פאלקס-הויז און זיי — פאר א פריוואטען פאָלווארק. מיר האבען געזארגט פאר די הצטרכות'ן פון דער גאנצער באפעלקערונג און זיי — פאר די הצטרכות'ן פון אייגענע מענשען.

**דערפאר טארט איהר נישט דערלאזען, אז זיי זאלען צוריק אריין אין דער קהלה. איהר מוזט העלפען זיגען די ליסטע, וועלכע גיבט די גוואראנציע פון ערליכע, קאנסטרוקטיווע און ראציאנעלע ווירטשאפט אין דער קהלה, די ליסטע פון נאציאנאלען כבוד און שטאלץ — דאס איז די ליסטע פון ציוניסטישען בלאק**

# ווי וועהלט מען?

די וואהלען צו דער קהלה קומען פאָר זונטאג דעם 6 סעפטעמבער 1936 פון 8 א זייגער פריה ביז 8 א זייגער אוונט אהן הפסקות. די וואהלען קומען פאָר אין 8 וואהל-לאקאלען:

1) **סלאוואצקי שול,** שפיטאלנא, פאר וועהלער A-B-C
2) **יאדוויגא שול,** פלאץ האָלנאָשצי, פארטער פאר D-E-F
3) **באראן הירש שול,** טאָפּאָלאָווא 2, I שטאָק פאר G-H
4) **סוחרים פאריין,** גאלדהאמערא 3, פארטער פאר I-J-K
5) **שטאט געביידע,** וואלאווא 22, I שט. טיר 5 פאר L-M-N
6) **בראדזינסקי שול,** בראדזינסקיעגא 6 פארטער פאר O-P-R
7) **יודישע קהלה,** נאָווא 10, אויפן שטאָק פאר S
8) **ספארט פאריין** „**שמשון**” מיצקיעוויטשא 12, פארטער פאר T-U-V-W-Z

**דאס צעטעלע וואס ווערט אבגעגעבען מוז זיין נאר ווייס און עס מעג זיין אויפגעשריבען בלויז דאס נומער, אהן וועלכע עס איז נעמען, צייכענס, פונקטען אדער ביישטריכען. צעטעלעך פון אנדערע קאלירען, חוץ ווייס, אדער מיט צייכענס זענען פסול.**

# יודען! וועהלער!

א יעדע שטימע קען ענטשיידען וועגען גורל פון דער היגער קהלה! אויב איהר ווילט, אז דאס היגע קהל זאל זיין א אמת'ע יודיש-נאציאנאלע פאלקס-רעפרעזענטאנץ — ווארפט אוועק די אפאטיע און ערפילט אייער חוב אין טאג פון די וואהלען. זונטאג דעם 6 סעפטעמבער גייט מאסענהאפט צו דער וואהל-אורנע און שטימט פאר דער ליסטע נר. 1

# דער „בונד" און די קהלה וואהלען

דער „בונד" איז שוין געזעסען אין דער קהלה און דארט בעקעמפט דעם ציוניזם. שוין אין יאהר 1929 האבען מיר געהערט פון בונדיסטישען פערטרעטער אין דער קהלה דאס זעלבע, וואס אויף דעם לעצטען גרויסען וועהלער-מיטינג, די זעלבע נביאות'ן, די זעלבע קאנקלוזיעס, אז דער ציוניזם איז א חלום, א אוטאפיע.

עס זענען פאריבער 6 יאהר. אין וואס האט דער „בונד" געגעבען דעם יודישען פאלק אין משך פון דער צייט און וואס דער ציוניזם? צו קאן מען דאס איבערהויפט פערגלייכען? ווי וואלט היינט אויסגעזעהען דאס יודישע פאלק אהן דעם העלדענהאפטען ישוב אין ישראל? וועלכער יוד אהן אונטערשיד פון בערוף סיי ארבייטער, בעל-מלאכה אדער אינטעליגענט, איז נישט שטאלץ אויף אונזער איינציגען שטיצפונקט אין ארץ-ישראל?

וועהלער! לאזט אייך נישט פערבלענדען מיט די לאזונגען פון בונדיסטישען ראדיקאליזם. אויף אלע אונזערע צרות און ווייטאגען האט דער „בונד" איין רפואה. פערבינדען זיך מיטן סאציאליסטישען לאגער.

ניין, יודען! אין ערשטער רייהע מוזען מיר אליין זיין שטארק. אליין מוזען מיר שאפען א ארגאניזירטען כוח, וועלכער זאל קעמפען פאר א בעסערען עתיד פארן גאנצען יודישען פאלק אהן אונטערשיד פון קלאס און גרופע. מיר ווילען נישט דינען נישט די שווארצע כוחות און אויך נישט פארשידענע אינטערנאציאנאלען. אין ערשטער רייע קאנען מיר רעכנען נאר אויף אייגענע כוחות. דאס יודישע פאלק מוז אליין אויסשמידען זיין געגענווארט און זיין עתיד.

וויפיעל שטרייקען איז שוין געוועזען צוליעב נישט צולאזען יודישע ארבייטער אין די פאבריקען, ווי עס ארבייטען פוילישע ארבייטער? צי איז דער יודישער ארבייטער נישט אנגעוויזען נאר אויפן יודישען ארבייטסגעבער? צי איז דער יודישער ארבייטער נישט אנהענגיג פון די זעלבע רעגלען פון דער יודישער עקאנאמיק, וואס דער יודישע ארבייטסגעבער, דער יודישער סוחר, בעל-מלאכה און אינטעליגענט?

וועהלער! ארבייטער! ארבייטס-מענשען! צו פון טאג-טעגליכען לעבען האט איהר זיך נישט איבערצייגט, אז דער בונדיזם קאן נישט רירען פון ארט די בלוטיגע און אונגעווייטאגטע יודען-פראגע? אז א חוץ דורכפיהרען שטרייקען איז ער נישט פעהיג צו קיין שום אנדערע פאזיטיווע אקציע פאר לעזען די בלוטיגע און אנגעווייטיגטע יודען-פראגע?

מיר ווילען דא נישט בעריהרען פארשידענע פראבלעמען וואס זענען נוגע די ארבייטספערהעלטנישען אין לאנד. איין ערשיינונג אין דער יודישער גאס ווילען מיר נאר אונטערשטרייכען און אויפווייזען, אז די ברייטע מאסען פון ארבייטס-מענשען קאנען נישט און דארפען זיך נישט געפונען אין בונדיסטישען לאגער. עס איז דאך א בעקאנטע זאך, אז א חוץ א גרויסע צאהל פאבריקס ארבייטער — ארבייטען אין דער בעקליידונגס-בראנזש אויך א גרויסע צאהל מייסטערס-כאלופניקעס.

צי דארפען מיר די דאזיגע כאלופניקעס און מייסטערס אויפקלערען, אז זייער פלאץ איז נישט אין בונדיסטישען נאר און נאציאנאלן לאגער? ווייל בשותפות'דיג איז אונזער נויט, בשותפות'דיג איז אונזער גורל און מיר אלע האבען איין וועג פון לעבענס-עגזיסטענץ.

איבעראל און ביי יעדע געלעגענהייט מאכט דער „בונד" חוזק אויס דעם יודישען בעל-מלאכה, יודישען קרעמער און קליינעם סוחר — דאס זענען ביים „בונד" רעאקציאנערע קליינבירגערליכע עלעמענטען. אבער היינט, ווען עס זענען נויטיג שטימען, רופט דער „בונד" די כאלופניקעס, האנדווערקער, קליינע סוחרים און ארבייטענדע אינטעליגענץ אונטער דער רויטער פאהן פון „בונד".

ניין! דאס יודישע קליין-בירגערטום וואס קעמפט שווער פארן שטיקעל ברויט, וועט זיך נישט לאזען איינשפאנען אין סאציאליסטישען וואגען. דאס פוילישע יודענטום מיט זיין עקאנאמישער און סאציאלער סטרוקטור איז בלוטיג פאראינטערעסירט אין דער בעפעסטיגונג פון דער דעמאקראטיע און ליבעראליזם — ער קאן אבער נישט פארבינדען זיין גורל, זיין געגענווארט און זיין עתיד מיטן סאציאליזם.

עס איז גענוג צו ווייזען אויף צוויי וויכטיגע פארן פוילישען יודענטום מאמענטען, ווי די אינטערעסען פון דער יודישער באפעלקערונג שטייען אין סתירה מיט די אינטערעסען פון סאציאליזם. זאנטאג-רוה און עטאטיזם. פ. פ. ס., וועלכער איז דעם „בונדס" שותף און פארטנער, שטעהט אויף דער וואך פון אבהיטען דעם זאנטאג-רוה, אין לאזט נישט צו צי קיין שום שנויים. פ. פ. ס. שטרעבט צו עטאטיזירען דאס ווירטשאפטליכע לעבען. און פון די ערפאהרונגען ווייסען מיר, אז עטאטיזירונג, פארשטאטליכונג פון געוויסע פראדוקציאנס-צווייגען, הייסט ארויסשטויסען דעם יודישען ארבייטער, אז עטאטיזירונג פון געוויסע האנדעלס צווייגען, הייסט אוועקנעמען דאס שטיקעל ברויט פון א גרויסע מאסע יודען וואס לעבען פון האנדעל. צו האבען מיר דען נישט געזעהען, ווי מען האט ארויסגעשטויסען די יודישע ארבייטער פון טאבאק-מאנאפאל, שוועבעלעך-מאנאפאל און שפיריטוס-מאנאפאל? צי א סאך יודישע ארבייטער זענען געבליבען אין די דאזיגע מאנאפאלען. ווי זענען דעמאלט געוועזען די פוילישע סאציאליסטען? צי האבען זיי זיך אנגענומען די עולה פון די ארויסגעווארפענע יודישע ארבייטער?

מיר ווילען דא נישט טעארעטיש בעהאנדלען די פראגע פון עטאטיזים — איינס ווייסען מיר אבער, אז פאר יודען איז ער שעדליך, אז ביי אונס איז דער עטאטיזם פארבינדען מיט ווירטשאפטליכען אנטיסעמיטיזם. אין די מאנאפאלען און עטאטיזירטע פאבריקען וועט איהר נישט געפונען קיין יודישע ארבייטער און קיינער נעמט זיך נישט אב זייער עולה. און ווער ווייס, צו די קלאסען-בעוואוסטע פוילישע ארבייטער וואלטען נישט פארשטרייקט אויב מען וואלט דארט צוגענומען א יודישען ארבייטער, צו איז דען שוין נישט געוועזען א זאלכע פאלען?

און צי אין אונזער קאמף פאר פארלינדערען דאס געזעץ פון זונטאגס-רוה האבען מיר עפיס א הילף מצד דעם סאציאליסטישען לאגער? צי זענען מיר דען נישט אין דעם קאמף גאנץ פעראיינזאמט? צי אין ליכט פון דער דאזיגער ווירקליכקייט ווייזט זיך נישט בולט ארויס דער וועג פון די יודישע כאלופניקעס, בעלי-מלאכות, קליינע סוחרים און בכלל פון די יודישע ארימקייט, וועלכע דער „בונד" וויל ארייננציהען אין זיין לאגער?

איין וועג בלייבט אונז איבער — דאס איז דער וועג, אויף וועלכען דער ציוניזם פיהרט שוין 40 יאהר. נאר דער ווייס-בלויע פאהן קאן דערפירען די דאזיגע דעקלאסירטע און פויפעריזירטע מאסען צו א בעסערען עתיד.

דען וואס ווילען מיר דען אייגענטליך? וואס פאר א ציל האבען מיר? מיר קאנען דאס פארשטעלען אין אלגעמיינע שטריכען. מיר ווילען דעם יודישען פאלק צוריקגעבען די אלע כוחות, וואס דער גלות האט איהם צוגענומען און ראשית כל זיין נאציאנאלען שטאלץ און כבוד, זיין מוט און דאס שטארקע אחדות-געפיהל. מיר שטרעבען דאצו, אז יודען זאלען זיין ווידערשטאנדספעהיג און זאלען זיך קאנען פארטיידיגען אין זייער שווערען לעבענס-קאמף און אז זיי זאלען זיך קאנען אקייגען שטעלען אלע פריוען צו פארניכטען זייער מענשליכע עגזיסטענץ.

און צו דעם ציל פיהרט נאר איין וועג, וועלכען די ציוניסטען ווייזען אן — דאס איז דער וועג פון נאציאנאלע זעלבסטשטענדיקייט און פון קאנצענטראציע פון די אייגענע נאציאנאלע כוחות. מיר קעמפען עהרליך און אפען פאר אונזערע נאציאנאלע און בירגערליכע רעכט. לויט דער ליניע האבען מיר געפיהרט אונזער פאליטיק במשך פון 40 יאהר און מיר האבען רעכט צו באהויפטען, אז אונזער ארבייט האט נושא-פרות געוועזען.

מיר וועלען ווייטער געהען אויף דעם ביזאיצטיגען וועג. מיר וועלען נישט פארבייגען אויף רעכטס און נישט אויף לינקס, ווייל די ערפאהרונג האט באוויזען, אז אונזער וועג איז דער בעסטער. צוואר א שווערער — אבער א זיכערער. דער וועג פיהרט אין דער הויך און דארט שיינט א הערליכע זון פון א שענערען מארגען. מיר קעמפען דערפאר, אז אויך אין גלות זאל אונז זיין בעסער.

די קהלה איז בלי ספק א ברוכטייל פון אונזער גלות-לעבען. און מיר ווילען, אז אויך דא זאל קומען א ניי לעבען, א פרישע אטמאספערע, וועלכע זאל דערמעגליכען א פראדוקטיווע ארבייט לטובת דעם גאנצען יודענטום. און אין דער ריכטונג וועט געהען אונזער ארבייט, אויב איהר — וועהלער — וועט אונז באשענקען מיט אייער פארטרויען.

מיר ווייסען און גלויבען, אז דער ציל און דער וועג פון אונזער פאליטיק איז א טייל פון אונזער ענד-ציל און פון אונזער וועג, וועלכער פיהרט צו אלזייטיגע און פולער גאולה אין ארץ ישראל.

**אין נאמען פון די דאזיגע לאזונגען און אמת'ן אפעלירען מיר צו די ברייטסטע יודישע מאסען: זונטאג דעם 6 סעפטעמבער 1936 שטימט אלע פאר דער ליסטע פון ציוניסטישען בלאק**

# Nr. 1

**די גאנצע ציוניסטישע יוגענד נעמט זונטאג דעם 6 ד.ח. אנטייל אין דער וואהל-אגיטאציע**

# אונזערע קאנדידאטען

1) וואלף נעצלער
2) דר. אברהם כאמעט
3) דר. וואלף שענקעל
4) יחיאל קורץ
5) דר. מ. מענדערער
6) יצחק שענוועטער
7) יוסף היימאן
8) עזריאל העניג
9) דר. י. דרעזנער
10) אברהם פאלכמאן
11) יחזקאל האלענדער
12) אלחנן פעסעל
13) ישראל קאהן
14) ה. פלוהר
15) יוסף פינקעלשטיין
16) אברהם שפילמאן
17) אהרן אלעזר ווייזער
18) אלעזר זעלינגער
19) לייב גערסטנער
20) ז. פעניכעל
21) וואלף גוטווירט
22) משה כארנרייך
23) אהרן ריינהאלד
24) חיים אליעזר שעדליסקער
25) מאיר ראזענבוים
26) ניסן אבערדאם
27) משה לייב קאץ
28) הירש עדער
29) לייב ענדער
30) אהרן ווינריב
31) וואלף ראפאפארט
32) אבא פערלבערג
33) משה מארקוס
34) חיים עהרליך
35) יוסף פאסט
36) יונה שטארכמאן
37) ישראל רייך
38) חיים שלום קארן
39) דר. חיים גרינבערג
40) דר. וו. מאשלער

**אונזער ליסטע** איז נישט א פועל יוצא פון פארטיי מחלוקת וועגן מאנדאטען און בענקלעך. ביים צוזאמענשטעלען פון דער ליסטע האבען די ציוניסטען געטראכט נאר לטובת הכלל. אלע אונזערע קאנדידאטן פונם ערשטען ביזן לעצטען זענען פארבינדען מיט א בשותפות'דיגער אידעע, א בשותפות'דיגער ציוניסטישער פלאטפארם און דער ציוניזם איז א גאראנציע, אז אין קהל אריין וועלען אונזערע קאנדידאטען גיין, נישט כדי צו באפרידיגען זייערע פערזענליכע אמביציעס אדער אינטערעסען, נאר כדי צו פארטרעטען די אינטערעסען פונם יודישען כלל אין טארנע.

**אויף אונזער ליסטע** קאנדידירען באקאנטע און באליבטע געזעלשאפטליכע עסקנים.

**די ציוניסטישע ליסטע** פיהרען מענשען ערפאהרענע און אויסגעפרואווטע קעמפער פאר א בעסערער יודישער צוקונפט. זייער הויפט דאגה וועט איצט זיין צו מאכען ארדנונג אין די פארזומפטע קהלה-ווירטשאפט. זיי זענען געוועזען די ערשטע וואס האבען אויפגענומען דעם קאמף געגען קארופציע אין עפענטליכען לעבען.

**די ליסטע פון אונזערע קאנדידאטען** שטעלט פאר די טארנער באפעלקערונג געטרייע יודען וואס זענען גרייט צו אינטענזיווער און נוצליכער ארבייט.

**אונזער ליסטע** איז א פראגראם און נישט עפיס א גרופע פון יחידים אהן פרינציפען און אידעאלען, וועלכע זוכען אין קהל גאר די שיסעל, צו וועלכען זיי ווילען זיך צוזאמען צוכאפען.

**אונזער ליסטע** איז א לאזונג צום קאמף מיט אסימילאציע, קארופציע, שוחד נעמען, מסירות אין דער יודישער גאס.

**אונזער ליסטע** איז די אידעע פון אויפלעבונג פון דעם יודישען פאלק, זיין ווירטשאפטליכען און קולטורעלען רענעסאנס, דאס איז די אידעע פון גייסטיגער און פיזישער רעגענעראציע פון יודישען פאלק.

**אונזער ליסטע** איז א פארזיכערונג פון פארטוועהרענדער און קאנסטרוקטיווער ארבעט אין דער קהלה אויף יעדען געביט פון יודישען לעבען.

א פארטיי וואס שטעלט אויף אזא ליסטע האט א רעכט צו פארלאנגען שטימען פון אלע שיכטען פון דער יודישער באפעלקערונג.

**די ליסטע וועט אנגענומען ווערען מיט שמחה ביי אלע וועהלער — און דערפאר וועט דער טאג פון די וואהלען, זונטאג דעם 6 סעפטעמבער, זיין א טאג פון נצחון פונם יודיש-נאציאנאלען געדאנק, א טאג פון ציוניסטישען נצחון.**

# אין דער לעצטער מינוט

אין לעצטער מינוט ווענדען מיר זיך צו אייך – וועהלער אז איהר זאלט אייך אבגעבען א דין וחשבון פון דער ערנסטקייט פון מאמענט, אז איהר זאלט איבערווינדען די אפאטיע, געהען צו דער אורנע און אבגעבען אייער שטימע פאר אונזער ליסטע נר. 1

עס איז ענדליך געקומען די צייט א סוף צו מאכען צו דער הפקרות אין יודישען עפענטליכען לעבען. די יודישע בעפעלקערונג האט ענדליך באקומען די מעגליכקייט צו פערטרייבען פון די יודישער גאס אלע קליקעס און דעמאראליזירטע יחידים, וואס אין משך פון יאהרען האבען זיי געבושעוועט אין דער יודישער גאס. מיט חוצפה און ריקזיכטסלאזיקייט האבען זיי זיך געווארפען אויף דעם קראנקען יודישען פאלקס-ארגאניזם און ווי פיאווקעס געצאפט פון איהם דאס דם התמצית. מיט מסירות, רכילות און שקרים האבען זיי באקומען די העגעמאניע אין דער יודישער קהלה און חרוב געמאכט אלעס וואס מיר האבען אין משך פון לאנגע יאהרען דארט געשאפען. זיי האבען די קהלה פערוואנדעלט אין א מתים-שטיבעל, אין א מעלקענדיגע קוה. זיי האבען דארט געפיהרט א רויבערישע ווירטשאפט און לייכטזיניג צערטרענצעלט די קהלה געלדער, וועלכע זיי האבען מיט ריקזיכטסלאזיקייט ארויסגעפרעסט פון די ארימע יודישע בעפעלקערונג. זיי האבען דעמאראליזירט די יודישע גאס, דעם מה-יפית טאנץ האבען זיי געמאכט פאר א דאגמאט פון יודישער פאליטיק. פול עזות און חוצפה כלפי יודען, אבער פייג און קליינטשיג כלפי דעם פריץ און פאר א נזיד עדשים זענען זיי תמיד בארייט געוועזען צו פערקויפען די בלוטיגסטע אינטערעסען פון דער יודישער באפעלקערונג.

די דאזיגע קליקעס און נישט-געבעטענע אפוטרופסים האבען מיר אויפגעזאגט א פארביטערטען קאמף, ווייל די ארבייט פאר שאפען א געזונטע אטמאספערע אין יודישען געזעלשאפטליכען לעבען איז א אינטעגראלער טייל פון אונזער גרויסען און ערהאבענעם אידעאל פון נאציאנאלער רענעסאנס.

איצט געפינט זיך דער קאמף אין א ענטשיידענדען סטאדיום און דער נצחון איז נאר אבהענגיג פונם יודישען וועהלער, וועלכער דארף מיט זיין שטים-צעטעל ארויסגעבען א פאליטישען טויט-אורטייל אויף די אלע שעדליכע קליקעס און קאמפראמיטירטע יחידים, וואס האבען פארפאסקודזשעט די יודישע גאס. איצט ליגט די ענטשיידונג אין די הענד פון וועהלער, וועלכער דארף זיך ארויסזאגען צו וועמען ער האט פארטרויען און ווער עס זאל איהם רעפרעזענטירען.

מיר אפעלירען דערפאר צו די וועהלער:

גיבט א געהעריגע תשובה די נישט געבעטענע אפוטרופסים וואס נוצען אויס די רעליגיע פאר פארטיי-צוועקען, ווי אויך די אלע וואס אונטער א מאסקע פון אונפארטייאישקייט פארדעקען זיי דאס אידעאישע ארימקייט און ווילען אריינברענגען א כאַאָס אין דער יודישער גאס. איהר מוזט אויך געבען א געהעריגע תשובה די אפוטרופסים פון „בונד", וועלכע ציהען אויס די הענד נאך שטימען צום יודישען קליינבירגערטום, ד. ה. צו די אלע, וועלכע האבען לויטן בונדישען רעצעפט בכלל נישט קיין עגזיסטענץ בארעכטיגונג און זענען פאראורטיילט צום אונטערגאנג און וועלכע דער „בונד" באקעמפט עקשנות'דיג.

ביז דעם לעצטען מאמענט האט דער „בונד" חוזק געמאכט פון דער קהלה און פון די אלע וואס האבען אונטערגעשטראכען די וויכטיקייט פון דער קהלח – און פליצלינג געהט דער „בונד" ערַאבערן די יודישע גאס, וועלכע האט זיך ארויסגעזאגט פארן ציוניזם, פאר א ניי לעבען אין ארץ ישראל און געגען דעם „בונד".

דעם 6 סעפטעמבער דארפען די טארנער וועהלער געבען דעם „בונד" א פעסטען ענטפער און באווייזען, אז זיי שטעהען אין נאציאנאל-ציוניסטישען לאגער.

העלפט אונז אין אונזער שווערען קאמף. העלפט אונז מאכען א סוף צו דער הפקרות אין דער יודישער גאס. העלפט אונז באקומען א דעצידירענדען איינפלוס אין דער קהלה, בכדי מיר זאלען קענען רעאליזירען אונזער פראגראם.

מיר ווילען געזונד מאכען די קהלה-ווירטשאפט, וועלכע די נישט-געבעטענע אפוטרופסים האבען פארניכטעט.

מיר ווילען באפרידיגען אלע רעליגיעזע, קולטורעלע און סאציאלע באדערפענישען פון די ברייטסטע יודישע מאסען. מיר ווילען, אז די קהלה זאל זיין א אמת'ע רעפרעזענטאנץ פון דער גאנצער יודישער באפעלקערונג, מיר ווילען אויסראטען פון דער יודישער גאס די אלע קליקעס וועלכע מאכען אויס רעליגיע און תורה א ענין פון מסחר און פאליטיק. מיר ווילען דעמאסקירען די אלע, וואס נוצען אויס די יודישע ארימקייט בכדי צו באקומען א פאליטישען איינפלוס.

אין דער לעצטער מינוט אפעלירען מיר צו אייך נאכאמאל, געהט צו דער אורנע און שטימט אויף דער ליסטע נר. 1. דער טאג פון די וואהלען דארף זיין א יום-הדין פאר די אלע שעדליגע אין דער יודישער גאס און א טאג פון נצחון פון דער ליסטע

# Nr. 1

# יודען! וועהלער!

**אויב איר ווילט**

אז די ממשלה אין דער קהלה זאלען באקומען מענשען מיט ריינע הענד,

**אויב איר ווילט**

אז דאס קהל פערמעגען זאל נישט פארניכטעט ווערען,

**אויב איר ווילט**

אז די כהלה געלדער זאלען עקאנאמיש און געוויסענהאפט פערטיילט ווערען,

**אויב איר ווילט**

אז די קהלה־ווירטשאפט זאל נישט זיין א פארטייאישע און איינזייטיגע,

**אויב איר ווילט**

אז דאס קהל זאל ערפילען זיין חוב לגבי ארץ ישראל,

**אויב איר ווילט**

אז די קהלה געלדער זאלען נישט ארויסגעווארפען ווערען אויף פאסטענס פאר פארשידענע מיוחסים,

**אויב איר ווילט**

אז די אויסמעסטונג פון קהלה־שטייער זאל זיין א פראגרעסיווע און א גערעכטע,

**אויב איר ווילט**

אז די קהלה געלדער זאלען גערעכט פארטיילט ווערען אויף נויטיגע רעליגיעזע צוועקען, שול־וועזען און ברייטער סאציאלער הילף,

**אויב איר ווילט**

אז די קהל־שטוב זאל אויפהערען צו זיין א פריוואטער פאלווארק פון א פאר כליקעס און פארשידענע נישט געבעטענע עסקנים,

**אויב איר ווילט**

אז די קהל־שטוב זאל פערוואנדעלט ווערען אין א צענטרום פון יודישעז געזעלשאפטליכען לעבען,

**אויב איר ווילט**

אז דאס יודישע שפיטאל זאל שטעהען אויף דער הויך און זאל ערפולען זיינע אויפגאבען פאר דער ארימער יודישער באפעלכערונג אין טארנע,

**אויב איר ווילט**

אז דאס זקנים הויז זאל ווערען א אמת'ע היים פאר אלטע ארבייטס־אונפעהיגע מענשען,

## שטימט פאר דער ליסטע נר. 1

# אלע יודען שטימען אויף ליסטע נר. 1

# פונם וואהל־יריד

### 5 כבצנים געהען טאנצען

אז איינער איז נעביך ל"ע א יורד, ער האט שוין אויפגעגעסען דאס גאנצע געשעפט און די חובות שטייגען ביז איבער די אויערן – זעצט ער אב און דרייט איבער דאס פירמעברעטעל. די אגודה אין טארנע איז א יורד. זי חאט שוין אלעס אויפגעגעסען. זי האט שוין כל המינים מיטלען באנוצט בכדי צו באקומען די ממשלה אין דער קהלה: תורה, דת, יראת שמים, רעליגיעזער חנוך און פון דער צווייטער זייט דער פריץ, פראטעקציע אין די הויכע פענסטער דורך די „גרויסע מנהיגים" – אלעס האט זי אויסגענוצט.

איצט האט זיך נעביך אלעס אויסגעלאזט. זי האט שוין נישט קיין שום קרעדיט. מען גלויבט שוין איהר נישט. עס ווייס א יעדער, אז די גרויסע אויסלאגע מיט יראת שמים איז טאקע נישט מעהר ווי א אויסלאגע און אז אינעווייניג איז גארנישט דא, איז פוסט און ליידיג. האט די אגודה איבערגעדרייט די פירמע אויפן ווייבס נאמען און געמאכט א בירגער-קאמיטעט ביי דער אגודה. דיזעלבע יענטע נאר אנדערש געשלייערט. דאס האט אבער אויך נישט געהאלפען. א יעדער האט דערקענט ווער דאס איז דער אמת'ער בעל-דבר. האט די אגודה ווידער צוזאמען גענומען אלע פאליטישע קבצנים און געמאכט א גרויסען קאנצערן, בכדי אויס די שיריים צו מאכען א סעודה. אזש פינף שותפים צו דעם צעבראכענעם קהלה-בענקעל. אזש פינף פאליטישע קבצנים האבען זיך געדייכט די הענד און געשאפען א „גרויסע" געזעלשאפט צום ראטעווען די תורה. נעביך א רחמנות אויף די תורה, וואס די אגודה מיט ר' יחזקאל פאסטראנג און ר' יהושע עהרליך געהען זי ראטעווען.

די אגודה ווייסט אבער, אז א חוץ אלעם איז נעביך חושך. אלע שותפים האבען אריינגעלייגט אין שותפות בלויז גרויסע אפעטיטען אבער קיין שום קאפיטאל. קיינער פון זיי האט גארנישט צו פארקויפען, א חוץ דעם גרויסען יצר הרע צום קהל-בענקעל. דערפאר רייסט די אגודה איין וועלטען און ארבייט מעשים. זי ווייסט שוין נישט צו וואס זיך צו טשעפען, זי ווייסט שוין נישט מיט וואס צו ציהען דעם עולים אויף איהרע פארזאמלונגען, אויף וועלכע מען קומט נישט ווייל מען איז נישט נייגעריג אויף די גרויסע „חכמות" וואס מען קען דארט הערען. האט זי אנגעטוען לעצטענס מעשה-צירקוס. לויט די מאדע „כאפט דעם גנב" האט זי ארויסגעלאזט אויפרופען מיט א שרייענדיגע טיטעל „די שענדליכע מסירה". וואס פאר א מסירה האט זי נישט געשריבען, ווייל זי האט אליין נישט געוואוסט. זי האט ערשט געפיהרט אויספארשונגען — אזוי שטעהט דארט בפרוש. דעם אמת האט מען ערשט געזאלט געוואר ווערען אויף דער פארזאמלונג זונטאג. דאס האט אבער אויך נישט געהאלפען און אויף דער פארזאמלונג זענען געקומען א פאר מנינים יודען, בשעת אויף דער ציוניסטישער פארזאמלונג איז געווען א פאר טויזענט מענשען. די טארנער יודען האבען זיך נישט געלאזט אויסנארען מיט דעם נארישקינדישען שפיצעל פון דער אגודה און נישט געגאנגען. דאסזעלבע וועלען די טארנער יודען בלי ספק טוען אין טאג פון די וואהלען. זיי וועלען נישט אבגעבען קיין איינציגע שטימע אויף דעם אגודה קאנצערן, נאר אלע וועלען שטימען אויף דער ליסטע נר. 1

### די שותפים

און די שותפים פון דער אגודה? ר' יחזקאל פאסטראנג שלאפט נישט און עסט נישט פאר דאגות און עגמת נפש. ער האלט אין איין אריינקלערען: ווי נעמט מען א מאנדאט. ער איז פלוצלינג געווארען א יעדענס ידיד און ביי יעדער געלעגענהייט שיבט ער אריין די יד: גוט מארגען, אויף אייך רעכען איך... א ודאי און א ודאי מעג ר' יחזקאל פאסטראנג רעכנען, אבער נאר ביז זונטאג. שפעטער וועט ער נעביך מוזען צוריק רעכנען. די טארנער יודען זענען גרויסע עזות-פנים'ער און להכעיס'ניקעס און אפילו די גוטע פריינט וואס זאגען מכלומר'שט צו, לאכען שוין היינט אין די פויסטען אונטער זיינע פלייצעס.

* * *

ר' יהושע עהרליך איז איבערהויפט אוועקגעפאהרען. ער ווייסט גאנץ גוט, אז זיין אנוועזענהייט אין טארנע בשעת די וואהלען וועט איהם קיין גרויסען נוצען נישט ברענגען. די טארנער יודען ווייסען אזוי אויך, וואס פאר א מעלות און מדות טובות ר' יהושע עהרליך האט און ער דארף זיי דאס פערזענליך בכלל נישט דערמאנען. בעסער און „איבערצייגענדער" וועלען דאס אפשר טוען זיינע „אמבאסאדארען" וואס ער האט איבערגעלאזט. צי וועט אבער דאס אלעס העלפען? א שאד טרחה און מיה און דער עיקר – געלד. יעדענפאלס האט ר' יהושע עהרליך זעהר גלייך געטון וואס ער איז אוועק געפאהרען – ער וועט כאטש נישט זעהען מיט אייגענע אויגען דעם גרויסען דורכפאל, וואס ער וועט האבען אין טאג פון די וואהלען. פון דער ווייטענס און ספעציעל אויף דאטשע איז לייכטער אויסצוהאלטען אזאלכע „אומגליקען"...

* * *

דעם דריטען סאלאָ-קאנדידאט ר' גבריאל גערסטען האט דער רבש"ע בעשענקט מיט א גרויסע משפחה און תמיד מיינט ער, אז בלויז די משפחה קאן איהם געבען דאס מאנדאט און תמיד איז ער זיך טועה. שוין צוויי מאל איז ער דורכגעפאלען, ער פארלירט אבער נישט דעם מוט און ארבייט ווייטער אויף אלע קעסעל-כלים, בכדי אין דער ערשטער ריי צו פארזיכערען זיך די משפחה און דאן צו פארשאפען זיך עפיס א צושטייער פון דרויסען, פון פרעמדע. איצט האלט ער זעהר א סך פון דעם שותפות מיט דער אגודה. מילא ער האט זיך שוין צוויי מאל טועה געווען, וועט ער זיך טועה זיין צום דריטען מאל. שפילט א ראלע נאך אמאל. איצט אבער וועט ער שוין האבען א חזקה צום דורכפאלען... די טארנער יודען, וואס קענען ר' גבריאל גערסטען מיט אלע זיינע פערזענליכע ערהאבענע אייגענשאפטען, זיינע גרויסע פעהיקייטען און פארדינסטען לטובת הכלל – וועלען א ודאי מיט פארגניגען רעזיגנירען פון זיינע טובות און אפוטרופסות און איהם פארהעלפען צו בלייבען אין דער היים.

* * *

דער „בונד" וויל שוין ווידער ברעכען די ציוניסטישע העגעמאניע אין דער יודישער גאס. באמת א גרויסער אפעטיט. אבער ביי אזא מין ציוניזם-פרעסעריי האט זיך שוין נישט איינער די ציין אויסגעבראכען. איבריגענס דער „בונד" באגראבט שוין דעם ציוניזם צעהנדלינגער יאהרען. דער ציוניזם אבער ווערט וואס אמאל גרעסער און שטארקער. א שיינער קברן איז דאס, וואס דער „מת" קריכט איהם ארויס פון קבר געזונד און פריש.

* * *

די שותפים – פועלי ציון רעכטע און פועלי ציון לינקע באַדזשען זיך ארום שטילערהייט. ביידע באדויערן שוין די טראנזאקציע. זיי געבען שוין צו, אז זיי האבען זיך באנארישט. אין דער וואהל-פלאטפארם רופען די שותפים צום קאמף פארן פראלעטארישען פאלעסטיניזם. דאס איז זייער גאנצער ציוניסטישער אני מאמין. מילא צו די לינקע פועלי ציון קאן מען נישט האבען קיין טענות – אבער וואס זאגען צו דעם די רעכטע, די, וועלכע וועלען נאך די וואהלען קומען צו אונז און פרעדיגען נאציאנאלען אחדות און פאריפען זיך אויף די דיסציפלין-קלויזול – אויפן שקל.

Wydawca i odpowiedzialny redaktor Chaim Friedman

Drukiem I. Engelberga w Tarnowie